# די נאַכט
## פון
# זעלבסט־מאָרד

אָדער

## וואָס איז דער ציעל פון לעבען?

דראַמאַטישער עטיוד אין איין אַקט.

בעאַרבייט פאַר דער יודישער ביהנע פון דעם
בעוואוסטע אַרטיסט נ. דראַנאָוו.



וואַרשא, תרע"ד.

# די נאַכט פון זעלבסט־מאָרד

אדער

# וואָס איז דער ציעל פון לעבען?

דראַמאַטישער עטיוד אין איין אַקט.

בעאַרבייט פאַר דער יודישער ביהנע פון דעם

בעוואוסטען ארטיסט נ. דראַנאָוו.



וואַרשא, תרע"ד.

געזעצט ביי א. שריפטגיסער, סאַפעזשינסקא 8.

די בִּיהנע שטעלט פאַר אַ רייך צִימער, אַ סך בִּילדער אויף די ווענד, אַ פּיאַנאָ, אַ שרייב טִיש, עטאַזשערקע מִיט בִּיכער. בּיינאַכט, די בִּיהנע דונקעל, ער זִיצט בּיים פענסטער, הויבּט זִיך אויף, געהט אַרום פערטראַגען.

---

## די נאַכט פון זעלבּסט-מאָרד.

ניין! איך קען שוין מעהר נִיט לעבּען! געדריבּט, ווי אָנגעפילט מִיט גִיפט, איז די לופט, מִיט וועלכע איך אָטהעם. יעדער טאָג, יעדע מִינוט, יעדע סעקונדע מאַכט מִיר מאוס דאָס לעבּען.

יענע טעג! יענע גליקליכע טעג, וועלכע האָבּען מִיר געוועבּט, געשאַפען אידעאַלען, וועלכע פלעגען מִיך פער'כּשופ'ען, צו צִיהען צו זִיך און אויף אַ ווייַלע מיך גליקליך מאַכען, שען מאַכען דאָס לעבען, זענען שוין אוועק, איבּערלאָזענדיג נאָר זיך אַ שפור

פון מאוסקײט און עקעל. קלײנע פױזע

שנעל, װי דאָס טױדקײט פון בליץ,
און די מאָמענטאַלנע אױפלעבונג פון דונער,
האָבען זיך בײ מיר געװעקסעלט דאָס גלױבען
מיט דעם װיסען! איך גלױב שױן נישט!
איך װײס, איך װײס, אַז נאָר יענער אידעאַל
װעט די מענשען ערלעזען, גליקליך מאַכען,
און איך בין שױן גליקליך: װײל געטױט
האָט ער אין מיר אַלע קערפערליכע װילדע
לוסטען, געװעקט האָט ער נאָר מײן גײסט,
און הױך האָב איך זיך אױפגעהױבען, הױך!
שפּאָטיש האָב איך געלאַכט פון דעם מענש-
ליכען לעבען, אַ נײ לעבען האָב איך געזעהן,
אַ שעהן לעבען אויף װעלכעס מײן פאַנטאַזיע
האָט מיר מיט דעם אױג געקענט שאַפען.
און גליקליך בין איך געװעזען, גליקליך!
דערװײל ניט בעמערקט האָב איך, אַז מײן
װיסען איז אַ נײער גלױבען, אַ גלױבען אין
א נײעם מענשליכען גײסט מיט דעם נאָמען
אידעאַל. מענשען האָבען איהם געשאַפען,
מענשען, ניט קענענדיג לעבען דאָ אויף דער
ערד, האָבען זיך אױפגעהױבען אין זײער

פאַנטאַזיע הויך; מען מוז מלאכים ווערען, און זיי נאַרען זיך, אַז זיי זענען אויבען מלאכים, אַ מלאך האָב איך געוואָלט זיין, הויך זיין, גענאַרט האָב איך זיך, גענאַרט, און גענאַרט האָבען מיך די מענשען. פאַלש זענען זיי אָדער שקלאַפען פון זעלבסט-אָפּנאַרונג.
געהט צו צו דער עטאַזשערקע, נעמט אַ בוך, קוקט אַריין, וואַרפט אַוועק. ביכער לייענען! ביכער איז דאָ פיעל, אַזוי פיעל פערשידענע, אָבוואָל זיי טראָגען אויף זיך דעם נאָמען פון איין שרייבער, ווי דער פריהלינג מיט דעם זומער, ווי דער ווינטער מיט דעם הערבסט, אַזוי טוישען זיך די געדאַנקען ביי דעם ביכער-שאַפער.

פערמאַכט דאָס בוך, פערמאַכט דעם געדאַנק, אַ נייַ בוך געשריבען, אַ נייַער געדאַנק, אַ געדאַנק—איין אויפלעבונג פון ערשטען, און פערניכטונג פון ערשטען, אַ מין חרטה. אַ נייַ בוך, אַ נייַער שרייַבער טראָגט דעם אייגענעם נאָמען, נאָר נייַ איז ער, פאַלש, זעלבסט-אָפּנאַרונג.

בלייַבט שטעהן, בעטראַכט די בילדער.

בילדער! קינסטלערישע בילדער! גע-
ליעבט האָב איך דיך, קונסט, פערליעבט בין
איך אין דיר געוועזען, שעהן מאַלסטו דאָס
לעבען, נאָר ניט דו ביסט דער ציעל פון
לעבען, דו ווילסט נאָר שעהן מאַכען דאָס
לעבען, שעהן מאַלען דאָס מאוסע. אין וואָס
איז דער ציעל פון יענעם מאוסען ווען עס
וועט שוין אַנ׳אַנדערע גלאַנץ בעקומען?

וואַרפט אַראָפּ די בילדער.

ווי אַ פלאַם פייער, וועלכער ערשיינט
פון אַ ברענענדער חורבה, אַזוי ערשיינט יעצט
פאַר מיר דער לעבענס־רעכנונג. שוין לאַנג
פלאָנט מיך די זעלבע פראַגע, די פראַגע פון
לעבען, נאָר שטענדיג פלעגען מיך טרייסטען
אויסגעטראַכטע מאָראַלען, און איך האָב אין
אַלעם פערגעסען. נאָר יעצט ווערט וואָס אַמאָל
די פראַגע שטאַרקער און זי שוואַכט מיר אָפּ
דעם לוסט, דעם ווילדען לוסט צום לעבען—
קלאָהר איז דער רעכנונג און מען קען אין
איהם ניט אַריינקוקען, ווי אין דער ברענ-
ענדער זון. איך שעהם זיך פאַר דער פאַר-
גאַנגענהייט און זי שוואַכט מיר אָפּ דעם לוסט

צו דער צוקונפט.

בלײַבט שטיל פערטראַכט

איך האָב גערעכענט, אז לעבען הײַסט
די ליעבע! אָבער נײַן! דאָס איז נאָר אַ
מאָמענטאַלע אויפרעגונג, ניט קײַן אידעאַל,
װילדע ציניִשע לײַדען צוברעכט די פאָטאָגראַפיע
מיט װילדע פערצװײַפעלטע אויגען האָב איך
שוין געטראָפען יעדע מאָראַל, יעדע הױלע
לעהרע. לעבען האָב איך געװאָלט! אויסנוצען
דעם גאַנצען לעבענס-גענוס, װאָס דאָס לעבען
קען מיר געבען, אָבער נײַן! אַ זון האָב איך
געזעהן אין הימעל, אַ ברענענדע זון! נעמט,
רײַסט אַראָפּ די זון, צוברעקעלט זי אין
טױזענד ברעקלעך, פאַרציהט דעם בלױען
הימעל מיט אַ שװאַרצע פינסטערע חמאַרע,
דאַמאָלס װעל איך צופריעדען זײַן מיט דעם
שמוציגען ערדישען לעבען. אַ זון זעה איך!
אַ בענקשאַפט צו עפּעס. צו װאָס? מאוס איז
דאָס מענשליכע לעבען, און נאָך מאוסער איז
דער מענש, װאָס טראַכט פון לעבען און
װיל לעבען לעהנט אָהן דעם קאָפּ אויף דער האַנד,
קורצע פויזע נעהמט אַרום דעם טאַשען

ווײַנער, קוקט לעגט איהם צוריק אין טאַש שוין 2 אַ
ווײַנער! פאַר וואָס געה איך ניט שלאָפען?
ווי אין אַ פּאַנאָראַמע, דרעהען זיך בּילדער,
דרעהען זיך בּילדער בּײַ מיר יעצט אין קאָפּ,
טרויעריגע בּילדער, איך שרעק מיך פאַר זײַ,
און אַלע דערמאָנען מיר אָן דעם טוידט,
ווי בּעפרײַט מען זיך פון זײַ נײַן! איך וויל
נאָך לעבען! — איך וויל נאָך לעבען — נאָך
וואָס? נאָך וואָס? נאָך וואָס וויל איך לעבען?
וואָס קלאַפּט אַזוי מײַן הארץ, פאַר וואָס
ציטער'ען אַזוי מײַנע הענד? עה. איך בּין
נאָר אַ פּיינגלינג — אָבער וואָס טהו איך דאָ
אַזוי שפּעט בּײַ דער נאַכט? פאַר וואָס געה
איך ניט שלאָפען — טוידט — ווײַטער אַ גע-
דאַנק שטאַרבען — גלײַכער — איך קען שוין
ניט קעמפּפען מיט מײַנע געדאַנקען? וואָס
הערשען זײַ איבּער מיר באַקוקט די פּיאַנאָ איך
וויל עפּעס שפּילען, וועלען זײַ אַנטלויפען די
געדאַנקען, זײַ ליעבען ניט די טענער פון
מוזיק שפּיעלט טרויעריג, אַנטלויפּט די פּיאַנאָ
שפּיעלט אויך טרויעריג — טוידט, די פּיאַנאָ
איז אויך מיט מײַנע געדאַנקען, שטאַרבען —

איך וויל לעבען, מענשען! לעבען וויל איך, גיעט מיר א ציעל, א ציעל אין לעבען. נאט אייך מיין קערפער צוזאמען מיט מיינע זעהלע, נעמט ביי מיר מיין בלוט, מיין פלייש, נאר גיעט מיר א ציעל אין לעבען, מענשען! איהר הערט, א ציעל! וואו זענט איהר, מענשען! א ציעל וויל איך אין לעבען, א ציעל. איהר זענט שטום? איהר ענטפערט ניט? איהר האט קיין ענטפער ניט! אייער צונג איז צוגעקלעפט צום גומען, איהר זעלבסט האט קיין אנטווארט ניט, און איהר לעבט! איהר פאלשע מענשען, איהר לעבט, פאר וואס לעבט איהר? שטארבט! איהר האט דאך קיין ציעל ניט, לעבען ווילט איהר, אפּ-נארען זיך, ווי בהמות, ווי ווילדע פערד אין די סטעפעס. אהן א ציעל אבער איך — לעבען אזוי ווי איהר קען איך נישט — א ציעל וויל איך, א ציעל!

די נאכטיגאל זינגט אונטער דעם פענסטער

זינג נאכטיגאל! זינג! גליקליך ביסטו! גליקליך! איין שטרעבונג האסטו, זאט צו זיין, ווען דו ביזט זאט ביסטו, גליקליך;

אָבער אונז האָט דער שעפער אַנ'אַנדערע הונגער געגעבען, אַ הונגער פון גייסט! װען דו ביזט קערפערליך זאַט, פילסטו אַ הונגער פון גייסט.

אַ בענקשאַפט, ס'ציהט דיך װאוהין? ציעלען װולסטו און דו קענסט זיי ניט געפינען, מאוס איז דאָס מענשליכע לעבען!

טען קלאַפּט אין דער װאַנד

מיין פאָטער קלאַפּט! ער רופט מיך, איך זאָל געהן שלאָפען! שלאָפען געהן רופט ער מיך? פאָטער! איך װייס שוין לאַנג ניט פון קיין שלאָפענדע נעכט, צו װייסטו דען, פאָטער, מיט װאָס איך פאַרברענג גאַנצע נעכט?

ניט מיט שלאָפען, אַװעקגערויבט איז פון מיר דעם שלאָף. איך שלאָף ניט, איך ליעג און מיט גלעזערנע אויגען זוך איך און װיל זעהן, װאָס טהוט זיך דאָרט, אונטער דעם פאָרהאַנג פון דער געגענװאַרט, און װי איז דער גליקליכער צוקונפטס — מאָמענט, צו װעלכען איהר, מענשען, שטרעבט...

צוזאַמען מיט דער שטילקייט פון דער

נאַכט זוך איך דאָס, פאַר וועלכען מען לעבט און מען רייסט זיך צום לעבען. און וואָס איז דאָרט! אונטער דעם געגענוואַרטס- פאָרהאַנג אַ זידיגער קעסעל, פול מיט ווילדע תאות און דאָרט, דאָרט, אהין רייסט מען זיך.. מען קלאַפּט נאָך אַמאָל איך וויל שוין געהן שלאָפען! איך דערשטיק שטענדיג מיט געוואַלד מיינע מענשליכע לייַדען, נישט צו ערגערען דעם אַלטען זיפצט שווער אָב, פערמאַכט דאָס פענסטער, פערלעשט דאָס ליכט (אָב) (קומט באַלד)

איך קען ניט שלאָפען! פינסטער איז די נאַכט, און נאָך פינסטערער איז דער מאָרגען, וואָס קומט נאָך דער נאַכט. און נאָך וואָס זאָל איך וואַרטען אויף איהם?

שוואַרץ, מאוס איז די נאַכט, און נאָך שוואַרצער איז דער מאָרגען. אַ ציעל זוך איך אין לעבען און קיין ציעלען איז ניטאָ! דער ציעל איז ווען דו שטעלסט זיך העכער פון לעבען, קען דאָס לעבען דיך ניט צופריעדען שטעלען, און שטאַרבען מוזטו! שטאַרבען! יאָ, דאָס איז דער ציעל פון לעבען,

דער שעפער שאפט דיך, אום דו זאלסט שטארבען די לבנה שיינט אריין, עס ווערט ליכטיג ליכטיג געווארען! די לבנה איז ארויס פון אונטער די וואלקען, און שמייכעלט מיר אין פנים, זי וועקט ביי מיר דעם לוסט צום לעבען. געהט צו צום פענסטער, אנטלויפט פון פענסטער שעהן אויסגעשטערנט דער הימעל, זארגלאז שעפטשען זיך די מילדע שטערענד־לעך! אך, וויפיעל לעבען! ניין, איך וויל אויף דער לבנה ניט קוקען, זאל זי פערלאשען ווערען צוזאמען מיט איהרע שטערען! זאל זי צעזעצט אין צעשפרינגען ווערען אויף טויזענד מיקראסקאפישע שטיקלעך, צעריסען און צע-שפרייט וואלט איך דעם הימעל, וועלכער טראגט זי אויף זיך! אויך די זון, וואס קומט טוישענדיג די לבנה, זאל פארוואנדעלט ווערען אין א שווארצע פינסטערע מאסע! איך קען אויף זיי ניט קוקען, אויף די הימעלס לייכטער. ווען איך בין געווען קליין, האב איך מורא געהאט אויף זיי צו קוקען, אוים דאנקבאר־קייט און עהרע, אבער יעצט האס איך זיי

מען הערט רופען פון דער צווייטער שטוב, בלייבט א
ווילע שטילער,ווייזט מיט דעם פינגער פון וואנען עס
הערט זיך דאָס רופען נאָך וואָס האָט איהר מיך
געבוירען, ווען איהר האָט פאַר מיר קיין
ציעל אין לעבען ניט געזעהן ? נאָר וואָס
ווייסט איהר דאָרט, איהר האָט געוואָלט, איך
זאָל לעבען, ווי איהר, ניין! איך וועל זאָגאַר
ניט שטאַרבען ווי איהר! ער לויפט צו צו איינם
פון די בילדער דאָס איז מיר געבליבען פון
יענער נאַרישע צייט, ווען איך האָב געוואָלט
שטאַרבען, אום יענער זאָל קענען לעבען.
נאַריש, נאַריש איז געווען יענע צייט, רען
וואָס איז דער ציעל פון יענעמס לעבען
בלייבט שטעהן פערטראַכט שטאַרבען! אָהן אַ
גלויבען, אָהן ליעבע, אָהן אַ ציעל אין לעבען
דרעהע איך זיך אַרום צווישען די לעבעדיגע,
ניט וויסענדיג ווער איך בין און וואָס איך
זוך, און נאָך וואָס זאָל איך לעבען! ... יאָ,
איך מוז שטאַרבען — לאָס איך חאָטש נעמען
אָפשייד פון מיינע עלטערען לויפט צו, עפענט
די טהיר, וועלכע פיהרט אין צווייטען צימער, שטעהט

איינינגע מינוט, קוקט אין די טהיר: קורצע פויזע

ניין, איך קען נישט לעבען, פאָטער!
איך וויל לעבען, נאָר איך מוז שטאַרבען!
איך מוז!

(שיסט זיך)



# דער עוויגער יוד.

פארהאַן ביכער, וועלכע וואָס מעהר זיי לעבען, אַלץ מעהר ווערען זיי געלעזען. צו דעם מין ביכער געהערט אויך „דער עוויגער יוד". „דער עוויגער יוד" ווערט געקויפט און געלעזען אין אַ געוואַלטיגער צאָהל עקזעמפּליאַרען. די פיערטע אויפלאַגע, וואָס איז נאָר־וואָס ערשינען פון דרוק אין אונזער פערלאַג, האָבען מיר אומישנע אויסגעבעסערט, אויסגעפיינערט און פערמעהרט מיט אַ סך נייע אילוסטראַציעס און צייכנונגען. דערביי האָבען מיר געגעבען אויך בעסערן פּאַפּיר. מיר האָפען, אַז אָט די ענדערונג וועט פערשאַפען פערגעניגען די לעזער פון איינעם פון די פערשפרייטעסטע ביכער אויפ'ן יודישען ביכער־מאַרק.

**פּרייז 1.20 ק.**

---

ביכערפערלאַג א. גיטלין, וואַרשא, נאַלעווקי, איוואַנ.־באַזאַר נומ' 1.

פּרייז 5 קאָפּ.

דויפּט=פּערקויף א. גיטלין, וואַרשא
נאַלעווקי, איוואַנאָווסקי באַזאַר 1.

**Ди нахтъ фунъ зелбстъ мордъ**

Соч. Н. ДРАНОВА

Тип. Экспрессъ Налевки 7.